# נעהנטער

פון

סאָרע פעל־יעלין

פאָדערבלאַט געצייכנט פון

היימי יעלין

•

פארלאַג „פריינט“

•

באָסטאָן, מאס., 1940

ביים זעלבן אויטאָר

# טריט נאָך טריט

פּאָעמען און דערציילונגען
פֿאַר קליין און גרויס.

—

אילוסטרירט פון
נאָטע קאָזלאָווסקי

Century Press, Boston, Mass.



# אינהאלט




נעהנטער — 5

מיין וואָרט — 7

ערשטנס שרייב איך דיר — 8

געוועזענע — 10

רויע איידלשטיינער — 12

אָן א נאָמען — 13

רייכע בעטלער — 14

די פּרעסע — 16

טויטע בלעטער — 21

טעמפּאָ פון צייט — 22

דער מאַמעס ווי — 23

צו מיין פריינט — 24

צאַנקענדיקע ליכט — 25

מיין חבר דזשאָונס האָט עס געטאָן — 26

ליד — 27

יאָרן — 28

דיין דיינקמאָל — 29

אַלגין — 30

אויף דער ערן־וואך — 32

קלאָג ניט, פריינט! — 33

דיין געבורטסטאָג — 34

גינא מעדעם — 35
מוטער בלור — 36
אין פארק — 37
גאַס — 39
ערד — 41
א שווארצע מיידל ביים ים — 43
יונגע מאַמע — 44
שפּיל מיין קינד . . . — 46
פּאַגראָמען — 48
עס איז געווען א צייט — 49
האַרבסט — 51
איך בין מקנא . . . — 52
מיין שטעטל — 53
בירא־בידזשאַן — 54
לאָמיר אויסטאַנצן א פריילעכס! — 55
רוף פון רויט־ארמייאישע געזאַנגען — 56
ריטם — 57
עס ווילט זיך לעבן — 59
ליד פון נויט — 60
וואַלד — 61
ס'איז שפּעטער ווי איר דענקט . . . — 64

# נעהנטער

א שווינדלענדיקער געיעג מיט צייט,
אַלץ לויפט,
אַלע לויפן,
אפילו די וואָס שטייען שטיל,
אפילו די וואָס שפּאַרן זיך
מיט הינטערפיס אריין אין לעבן
און ציטערן צו רירן זיך פאַראויס.
אַן אייביקער עסקאַלאַטאָר
אַרום און אַרויף —
נעהנטער . . . נעהנטער
צום צענטער פונקט
פון ליכטיקן זעניט.

אַן אימפּעטיקער שוואונג אַרויף,
אַלץ שטייגט,
אַלע שטייגן,
ווער עס וויל
און ווער עס וויל ניט;
ווער צום אָנהויב
און ווער צום סוף;
אַרום און פאַראויס
מיט יעדן ציקל . . .

ס'איז אין צייט קיין פּוסטקייט ניט פאַראַן
און קיין האַלב־וועג קרעטשמע
אויף איבערשטיין די נאַכט
אודאי ניט . . .

בלויז אויפן לעצטן בריקל
פון דעם וואונדער עסקאַלאַטאָר
קען מען זען
ווי שאָטנס ווערן איינגעשרונקען
און פאַרטרונקען אינ'ם ליכט . . .
ווער עס וויל
און ווער עס וויל ניט,
אַלע קומען
נעהנטער . . . נעהנטער . . .
פאָראויס און ארויף
צום צענטער פּונקט
פון אייביקן זעניט.

# מיין וואָרט

איך פּוץ ניט אוים מיין וואָרט
אין יום־טוב׳דיקע בגדים,
איך שלייף און טאָק עס ניט ווי איידלשטיין
צו שיינען אויף פּאַראַדן,
נאָר איך טראָג עס פּשוט אום
פון אָרט צו אָרט,
אויף הינטער־גאַסן פונ׳ם לעבן
וואו ס׳איז אין מיטן טאָג
קיין זון ניטאָ,
וואו ס׳איז אינמיטן זעט
קיין ברויט ניטאָ,
וואו ס׳איז פאַר הונגעריקע הענט
קיין פּלאַץ ניטאָ,
און טורמע ווענט זיינען דערלייזונג
פון יאוש און פון נויט.

---

איך טראָג מיין וואָרט
אין פינסטערע פאַרטאָגן, ווי רויטן צונטער
צו הערצער אָנגעלאָדענע מיט פולווער,
ווי שאַרפן דריל וואָס בויערט דורך א וועג
צום הייסן קוואַל פון מאַסן־צאָרן;
אַזוי שוין יאָרן
טראָג איך אום מיין וואַכיק וואָרט —
דעם גלאָק פון אונדזער מאָרגן
און רוף אויף ערב־יום־טוב׳דיקע וועגן.
און ס׳אַרט מיך ניט
וואָס איך צעשטער די רו
פון אָפּגעפרעסענע און זאַטע,
וואָס צערטלען זיך,
און ציהען זיך אויף זיידענע געלעגערס
נאָך ווילדע אָרגיע־נעכט
צעבראַסטעטע אין שיכרות און אין זנות.

# ערשטנס שרייב איך דיר

ערשטנס שרייב איך דיר, מיין וועלט,
אז ס'וועט זיין גוט!
איך פיל עס אין דעם פולס פון מיינע אָדערן,
אַט פונקט ווי כ'האָב דערפילט
דעם ערשטן צאַפּל פון מיין קינד —
דעם זיסן ריר פון לעבן אונטערן הארצן,
דעם ערשטן אויסגעשריי
אין מיטן קרעכץ און וויי.

---

גוט און שרעקלעך איז צו לעבן אין א צייט אזא
פון שטורעם און פון אומרו,
ווען דו, מיין וועלט, ביסט אויסגעוואקסן
פון דיין פורעם
און זיך צעגאָסן רחבות'דיק
אריבער אַלטע ברעגן
אין זוכעניש נאָך נייעם בעט
פון זיכערקייט און רו . . .
שטיי איך ביי דיין זייט, מיין וועלט,
און בין דיר גרייט צו העלפן . . .

איך זע ווי דיינע פעלדער
ווערן וויסטע טויטן־שטעט,
און ס'איז דיין זעט פאררינגלט און פארשפארט —
ארט עם מיך . . .
איך זע, ווי אין דעם גאנג דיינעם,
דו ווערסט צעריבן און צעקרישלט,
און שווערער ווערט מיר מיטצוגיין
אויף שערבלאך שפיציק־שארפע פון דיין ברוך —
דאָס אַרט מיך ניט!
איך ווייס אז ס'וועט זיין גוט
פאר מיר און דיר!
און כ'גיב מיט פרייד
וואָס איך האָב,
וואָס איך קען —
מיין פען וועל איך אין גאַל און האָניק טונקען
און אָנלאָדן מיין ווערטער זאַק
מיט פונקען און מיט בליי
פאר דיר, מיין וועלט,
וואָס לייטערט זיך אין גיהנם.

# ג ע ו ו ע ז ע נ ע

געוועזענע!
ווי בלעטער דאַרע פון אַ בוים,
איך זע אייך קרעכצן פוילנדיק
ביים זוים פון שייד־וועגן;
און נעבעכדיק איז דאָס פאַרמעגן אייערס.
ס'בינטל טויטע שאָטנס
פון אַ פאַרשפּיגן לעבן . . .
איז, זאָג איך אייך, פאַרוויאַנעטע,
אומזיסט איז אייער מי, אומזיסט!
געבליט און ניט דערבליט;
געברענט און ניט דערברענט;
געלעבט און ניט דערלעבט
צו זען די אויפגייענדיקע זון —
געבלענדט זיינען די שוואַכע אויגן אייערע געוואָרן
פון דעם ליכט;
פאַרשווענדט האָט איר די כחות מאָגערע
אין שוואונג נאָך פרייהייט
און אין אימפּאָטענטער שרעק,
אין אייגן אַש און מיסט
דעם לעצטן פונק אין זיך דערשטיקט . . .
געוועזענע!
ווי שאָטנס בלאָנקעט איר ארום אין פוסטן חלל,
און שלעפּט זיך אום מיט טויטע קעמפער־טעג,
מיט העלע גלויבונגספולע יאָרן
ווי מיט אַ מיאוסן הויקער . . .
דרייען זיך זכרונות אייערע
ווי קלאָונס אין משונה'דיקן טאַנץ,
מיט פריקרע פאַרבן־פלעקן
און מיט קלאָון־מיצן,
און בייסן אייער ביין
און ברענען אייער מאַרך
מיט חוזק בייסיקן און וויצן
פון אייער אייגענעם „אמאָל" . . .

א שפּיי אין פּנים און קלאָון־צונג,
א פּוסטער ליארעם און א פּויקן־קלונג
איז זייער טרייסט פאַר אייך, געוועזענע,
אין אייער וויסטן סוף!
איז ווי צו אייך, וואָס קוקן אָן דאָס ליכט
בלויז מיטן רוקן,
און טאָפּטשען זיך מיט שאָטנס אויף איין אָרט!
איז ווי צו אייך,
וואָס קוויקן זיך מיט אויפגעבלאָזטן איידל־וואָרט,
וואָס איז ווי גרין־פאַרצויגענער זומפּ,
אי פויל, אי סאַמעטיק, אי גלאַטיק;
איז ווי צו אייך, וואָס קוקן שטענדיק
אויף צוריק נאָך גליק,
און יאָגן זיך נאָך שאָטנס אייגענע
ווי ס'שטיפערישע הינטל נאָך זיין אייגן עק . . .
ס'וועלן שטורעם־ווינטן אייך פאַריאָגן פון די וועגן;
ס'וועט די זון פאַרווישן אייערע סליאַדן;
און ברענען וועט די וועלט — און זיך צעברענען;
און בליהען וועט די וועלט — און זיך צעבליהען;
און ציען וועט זיך וועלט — און זיך דערציען
ביז לויטערקייט פון זונען,
ביז פּראַכט פון רעגנבויגנס,
ביז מאַכט פון ליכט
איבער צערונען־טויטע וואָלקנס . . .
אומזיסט די מי, געוועזענע, אומזיסט!
איר, בלעטער דאַרע פון געזונטן בוים
ביים זוים פון שייד־וועגן,
פאַרנעמט אויף גיך דאָס נעבעכדיק
פאַרמעגן אייערס
און גייט צוריק אין אייער טויטער רו,
אין קברים ווארימע
פון אייגן אַש און מיסט.

# רויע איידלשטיינער

ניט געטאָקטע,
ניט געשליפטע,
פריש געגראָבענע פון טיפן
אינ׳ם לייב פון פאָלק!
רויע איידלשטיינער
מיט ערד־שטויב פייכטן אויפן פנים
אנטקעגן זון פון טאָג . . .
יעדעם וואָרט —
וואָג פון אונטערדריקטע דורות,
קערן פון פּורות
אויף גרינע צווייגן פון אונדזער צייט!
ווערטער — ניט געליענע פון ביכער
רייסן זיך ניט־זיכער
פון אומגעניטע ליפן,
זיפן זיך מיט גוואַלט אדורך
ווי אן אָנהויב פון א פרישן
אונטער־ערד קוואַל!
דערקוויקונג!
אחריות׳דיקער ערנסט —
אויף הארטן פונדאמענט פון פאָלק
ווערט פון רויע דימענטן
א טעמפל אויפגעריכט —
אַ טעמפל פאר דעם מענטש.

# אָן אַ נאָמען

ווי פונקען אין פלאַמען פאַרטרונקען,
ווי טראָפּנס אין ראַשיקע שטראָמען,
ווי וואָרצלען אין באָדן פאַרזונקען —
זיינען העלדן פון מי אָן אַ נאָמען.

זייער צאָל ווי די גראָזן אין סטעפּן,
זייער טריישאַפט ווי זון אין'ם רוים —
פון דורות די יאָכן זיי שלעפּן,
פאַרשטעלט פון'ם גלאַנציקן שוים.

געדולדיקע פלאַנצן זיי זאָמען,
בויען ריזן פון שטאָל און קאָנקריט,
נאָר עס שרייט ניט צו אונז זייער נאָמען
פון פלאַטן אויף וואַנט צוגעשמידט!

זיי לייגן אוים שליאַכן צו זונען,
און בלייבן באַשיידן ביים ראַנד,
זיי זיינען ווי פעדעם פאַרשפּונען
אין קאָסטבאַרן לעבנס־געוואַנט.

זיי שפּינען אין ריטם פון צייטן
דאָס ליד פון באַשיידענעם העלד;
אַ דיינקמאָל פאַר זיך זיי פאַרגרייטן —
אַ רואיקע, פריילעכע וועלט.

ווי וואָרצלען אָן קרוינען און בליטן
טראָגן אוים רייפע פרוכט פאַר'ן בוים,
אָן־נאָמענדיק, וואַכזאַם זיי היטן
דעם געבורט פון דעם הערלעכסטן טרוים!

# רייכע בעטלער

פריידיק שרעק
און ווייטאָגדיקע שפּאַנונג . . .
סודות׳דיקע ליכט אין וואַרטנדיקע אויגן
מאַרך און מוסקולן ביז פּלאַצן אָנגעצויגן.
אָדערן, ווי בלויע שנורן,
אויף דאַרע, הונגעריקע לייבער,
אויף הענט פאַרביילטע
פאַרן לעצטן פּרוּוו . . .

— — — — — — — — — — —

אין פּראַכט־פּאַלאַצן
טאַנצן זייער לעצטן טאַנץ
מאַמאָנס וויסטע קינדער;
אין אויסגעלאַסן־פרעכע אָרגיעס
ברענען זיי די טעג און נעכט
אין לוסט און וויין פון בלוטיקן גאָלד,
אין גליטערדיקן שיין
פון האָרעפּאַשנעס שוויס,
וואָס שפּיגלט זיך
אין דימענט־צירונגען און דיאַדעמען . . .
אין שיכּרות טויבן זיי דעם אָנהויב פון דעם סוף—
דעם הונגער־ברום פון פאָלק:
„ניט בעטן וועלן מיר — מיר וועלן נעמען!“

— — — — — — — — — — —

בעטלער רייכע
בלאָנקען איבער רייכע גאַסן,
טאָפּטשען זיך אין לאַנגער ריי
פאַר וואַסער־זופּ און ברויט
און ווייסן ניט, אז ס׳וואַרטן אויף זיי אוצרות
וואָס זיי האָבן מיט ביטער מי פאַרגרייט. . .

ס'קראַכן שוי־פענסטער
מיט בלוטיקע עשירות,
בונטע ליכט־רעקלאַמעס
פֿעדלען זייער נויט
און ליגן אויס די אומגליקן און צרות
ווי סחורות גאַנגבאַרע אין קלייט . . .
בייטאָג אין רייען וויסטע,
ביינאַכט געטוליעט צו אַ קאַלטער וואַנט
דערשפּירן „בעטלער" שמשונ'ס גבורה
אין טויזנטפּאַכער פּויסט
פֿון שאַפֿערס האַנט . . .
מיט שליסלען זיכערע
צו אָנגערויבטע שאַצן,
מיט ווערטער ברעניקע ווי רויטער שראָט
אין הונגער־מאַרש פֿאַרפּילן זיי
די גאַסן
פֿון רייכן דאָרף און רייכער שטאָט
צו איבערנעמען די ירושה! . . .
— — — — — — — — — — —
פֿריידיק שרעק
און ווייטאָגדיקע שפּאַנונג . . .
ערשטע ווייען . . . ניי־געבורט . . .
סודות'דיקעס ליכט און זינגענדיקע אויגן,
מאַרך און מוסקולן ביז פּלאַצן אָנגעצויגן . . .
אָדערן, ווי בלויע שנורן,
אויף דאַרע הונגעריקע לייבער,
אויף אָנגעשטריינגטע, אויסגעשטרעקטע הענט
צום לעצטן, שווערסטן פּרואוו . . .
אַ וואַרע מאַכט
דעם יורש פֿון דער וועלט! . . .

# די פּרעסע

מאָרגן . . . אָוונט
מיט עקלדיקער שטענדיקייט
צעטראָגט זיך ס׳איינגעשטאַנענע גערוך
פון איפּעשדיקן שטראָם
אין היימען ציכטיקע,
צו מענטשן דורשטיקע
נאָך אויפריכטיקן אָטעם פון דער וועלט . . .

ווי געניטע קוכערס ראָיען זיך
די פּען־משרתים אין דעם דורכגעפוילטן ברייַ
פון גט און ליבע־שווינדלען,
פּאָליטיקאַנסקער חוצפּה, גראָבסטער גענגסטעריי
און פּראַוועז עס, און ווירצן עס
מיט שונד־פּעפּער און בונטן זומפּיקן גאַרניר.

ס׳ריזלט דורכ׳ן לייב א גרויל
פון ברייט־צעבראַסטעטע, צעפּויקטע „קעפּ“
צעלייגט אויף קונציקן געשיר.
אויף סאַמע אויבן־אָן,
ווען ס׳ווימלט ווי מיט ווערים
אין איטלעכער שורה,
אין איטלעכער בשורה,
אין איטלעכן וואָרט!

מאָרגן . . . אָוונט . . .
מיט עקלדיקער שטענדיקייט
קומט צו . . . גייט אָפּ . . .
דער פּרעסע־זומפּ פון מאָרד און זנות
אין קלאַסישן „האָלד־אָפּ“,
און ס׳קוויקט זיך מיט זיין שווידערלעכן גרילץ
די אָרימקייט, צעטראָטענע אין רייכסטן לאַנד:
די היים איז גרוי —
די פוילעניש איז בונט ווי רעגנבויגן;
דער טאָפּ איז פּוסט —
דער פרעכער לוקסוס בלענדט די אויגן;
עס היינגט דער מאָרגן
ווי דאַמאָקלעס׳ שווערד איבער׳ן קאָפּ . . .
און פרעמדע זאַטקייט ווערגט און שלעפּט אראָפּ . . .
צום אָפּגרונט!
עס וואַקלט זיך א וועלט,
עס פּלאַצט די פוילע שאָלעכץ,
א יונגער שפּראָץ באַהעפט איז שוין מיט שיין,
נאָר אומבאַרירבאַר שטייט און גלאַנצט
אנטקעגן זון דער ווערימדיקער זומפּ,
און טריפט מיט טויטלעכן סם אויף איטלעכן שטראַל,
און הויבט מיט דופּט צעפּאַלענעם
אין איטלעך ווינקעלע, אין איטלעכן היים אריין.

דאָ און דאָרט פון קלאָרע טיפן
שלאָגן היילענדיקע זויבערע־קוואַלן
פון סאַמע האַרץ, פון רויער, האַרטער ערד . . .
ווערטער האָרעפּאַשנע, פון צינגער ניט געשליפענע,
פון מוחות ניט געקינצלטע,
און שאַרפע ווי די שפּיזן;
ווערטער בייסיקע און גאַליקע ווי ס׳וויסטע לעבן;
ווערטער קאָכיקע ווי ס׳אויפגערייצטע בלוט
פון הונגעריקע לייבן,
זיי שטראָמען מוטיקע, ווי פלאַמענדיקע לאַווע
פון אויפגעריסענעם פייער־באַרג . . .

דורך פוילער וועלט,
דורך פוילן זומפּ
צו מוחות דורשטיקע.
זיי הייבן אויף צו חוזק און צו שפּאָט
די פּען־קוכערס צעוועררימטע,
וואָס חנ׳דלען זיך מיט גליטערדיקן זונה־מלבוש:
„פרייע קונסט״, און ציילן ווי די שיילאָקס
זייער איטלעכס פונטל פלייש . . .
ווערט פאַרציטערט אָרימקייט פון רייכסטן לאַנד,
ווען נאָזלעבער געהיילטע פאַרנעמען
ס׳פעסטיקע געשטאַנק,
ווערט ס׳רויטע וואָרט די מאָרגן־זון
אין גרויע, איינגע היימען;
ווערט ס׳מוטיג וואָרט אַ חבר׳שער געשאַנק.

מאָרגן . . . אָוונט . . .
עס קלאַפּט אין מיר דאָס ריינע, אמת׳דיקע וואָרט
מיט האָפנונג אין איטלעכס שורה,
מיט ליכטיקייט אין איטלעכער בשורה,
מיט שטאָלצן, פרישנדיקן אָנרעג
פון העלדישקייט, מאַרטירערטום און קאַמף.
ניט פּעטע שרייבערלעך אַרום אַ זומפּיקער שיסל,
נאָר איך און דו און מיר —
דאָס ביסל אייגענע
פון פעלד און פון פאַבריק —
זיי בויען דעם בריק פון וועלט צו וועלט
פון יאוש צו בטחון:
די נאָדל און די פען,
דער האַמער און דעם לאָם,
דער טראַקטאָר און די שער.
ס׳איז פּשוט קאַמף־געווער,
ווי קלאָר און פּשוט ס׳איז
אונזער גרויסער זין פון לעבן . . .
שפּאַנט דער פּראָלעט־שרייבער
מיט רייפן גייסטיקן פאַרמעגן
מיט אונז אין וועג אריין,
מיט אונז אין גאַס,
מיט אונז אין קאַמף,
אַריבער ווימלדיקן זומפּ

פון שווינדלערישן וואָרט.
זיין רויטן רוף ברייגנגט ער צו יעדער טיר
אין פּשוט־איינפאַכן געשיר;
און ווערטער ווערן פונקען,
און פונקען ווערן פלאַמען,
וואָס ברענען פּוילקייט אוים ביז סאַמע ביין,
ביז סאַמע גרונט!

מאָרגן . . . אָוונט . . .
מיט קלאָרער שטענדיקייט פון האָרעפּאַשנעם זיין
צעטראָגט זיך אונזער אָטעם פון דער וועלט
אין היימען אָרימע,
צו ברידער דורשטיקע
נאָך אמת וואָרט . . .
איז גליק פאַראַן — אין אייגן גליק;
איז פרייד פאַראַן — אין אייגן פרייד;
איז לייד פאַראַן — אין אייגן לייד
פון קלאַס דעם אייגענעם,
וואָס בויט זיין אייגענע וועלט.

## טויטע בלעטער

טויטע בלעטער
שאַרן זיך צו בלינדע עפּן,
ביי שיידוועגן,
אַרום לעבעדיקע גאַסן־ראָגן
פאַרווירט, צעטומלט . . .
א ווינט האָט זיי
אַראָפּגעטריבן,
ווייסן זיי ניט וואָס צו טאָן.
זיי ווילן זיין
הי דאָ
הי דאָרטן . . .
קלאָגן זיי מאַכטלאָזע
אויף אימפּעט פון צייט,
וואָס שפּרייזט אַריבער זיי
און וויל ניט בלייבן שטיין . . .
אין פאַרביקע תכריכים
קרישלען זיי זיך אונטער לעבעדיקן טראָט
און טאַנצן אין א מתים־ראָד
מיט שטויב און אָפּפאַל
אין דעם זוניקן אַרום . . .
אָפּגעריסן און פאַרטריקנט
קרייזלען זיי זיך
אַרום איינגעוואָרצלטן בוים אין גרין
און וויינען, ווי היימלאָז־בלודנע הינט,
אַנטקעגן ליכטיקן באַגין
ביז ס'קומט א פרישער ווינט
און ברענגט זיי אויף א מיסט־הויפן
צו קבורה.

# טעמפּאָ פון צייט

טעמפּאָ פון צייט — אַן אוראַגאַן;
אַ שפּאַן — אַ יאָר,
אַ קער — אַ דור פון באַפליגלטע העלדן,
וואָס פּאָכן אין לופטן מיט פרילינג צעבליטן
אין מיטן פון האַרבסטיקן טויט.

טעמפּאָ פון צייט — מאָרגן־רויט,
וואָס רייסט זיך אומגעדולדיק דורך דער נאַכט,
באַוואַכט פון שאָטנדיקע ריזן
מיט טויטן־קעפּ און קרייץ־געביין
אויף פאַר׳סם׳טער שפּיז און שילד.

טעמפּאָ פון צייט — אַ ווילד געיעג
נאָך יונגע אָדלערס, וואָס בענקען נאָך זונען;
פלאַטער־שוואונג, אימפּעטיקער דראַנג
נאָך רחבות׳דיקער פריי, נאָך ליכט!

טעמפּאָ פון צייט — אַ שאַרף אויג,
וואָס זעט אין פלאָנטער פון געוועבן
אַ וואונדערלעכן אוזאָר —
אַ וואָר פון פרידן אויף דער ערד
און ליבשאַפט צווישן מענטשן!

טעמפּאָ פון צייט — אַ מאַגנעט,
וואָס ציט נאָך זיך דאָס ברויזנדע אין לעבן
און פירט זיי מיט איר זיכערער האַנט —
איז ווער ניט גרייט דער צייט זיך אונטערגעבן,
דער בלייבט ווי אָפּפאַל אָפּגעשאַרט צום וואַנט!

# דער מאַמעס ווײ

געהאָדעוועט א קינד
מיט מארך פון ביין,
מיט בלוט פון אָדערן,
מיט זאפט פון יונגע יאָרן
פאַר אייך בעסטיעס!
מיט זיין געטאָקטן לייב
באַמיסטיקט האָט איר פעלדער
און וועלדער טויטע
פאַרזייט אויף פרעמדער ערד.
ווי ראָבן שווארצע,
פאר'שיכור'טע
פון פרישן, צאַפּלדיקן בלוט,
געפּראוועט האָט איר
סעודות ווילדע —
איצט לויבט איר הויך
זיין העלדנמוט!?
איר פוצט זיין אָנדיינקען
מיט בלומען,
וואָס רויטלען שטום צו מיר אראָפּ
אין טיפער בושה.
גענוג דער חוזק!
נאט, רייסט ארויס
מיין אויסגעווייטיקט הארץ,
מיין אויסגעטריקנט אויג
און פלעכט דערפון
אַ קראַנץ מיין זון —
דער קראַנץ וועט שטום
ניט וועלקן —
ער וועט דעם ווײ פון מיין נשמה
צעשפּרייטן ווייט און ברייט
אויף פליגלען פון דעם ווינט
און מאָנען, פאָדערן נקמה
פאר מיין דערמאָרדעט קינד!

## צו מיין פריינט

ניט קיין רויז ביסטו,
וואָס פאַרבליט אַן איינזאַמע,
צווישן שטעכעדיקע דערנער —
נאָר א פּשוט אייביק־גרין
וואָס שטייט אַניוועסדיק
אַנטקעגן צייט
און וויל ניט וועלקן —
וויל ניט אויפהערן צו זיין . . .

---

ניט קיין פויק ביסטו
אונטער א פויקערס האַנט,
וואָס ליאַרעמט אָפּ
און גייט אוים ווי א זיפץ —
נאָר דער קלאַנג אליין,
וואָס זוכט א פרוכטבאַר האַרץ
צו אויסזינגען
זיין נייען ניגון . . .

---

ביסט א ליכטיק־שטילער שטראָם,
וואָס האָט זיך דורכגעריסן
צווישן מאָך־באַוואַקסענע פעלזן
און זוכט אַן אויסגאַנג —
א וועג צום אור־קוואַל,
צו ימ׳יקע טיפן,
צום פרייען זון־גאָלד שפּיל
אויף לעבעדיקע כוואַליעס!

ביסט א פאַרוואַלגערט ברוך
פון ליכט, וואָס זוכט א קיום,
א ווייטזיכטיקעס אויג,
וואָס ווינקט מיט מונטערקייט
צו די וואָס וויינען
ווען די זון פארגייט
און שלאָפן שטאַרק
ביי דעם געבורט פון נייעם טאָג.



## צאַנקענדיקע ליכט

עס וויל און קען ניט לעבן,
עס מוז און וויל ניט שטאַרבן —
צאַפּלט עס זיך אין זיין לעצטן פּרואוו
און קלאמערט זיך אין אויפשוואונג
פון זיין שיין.
א טויטנטאנץ דעם גאָט פון אומקום,
אַ טאַנץ פון זיג דעם אייביק זיין,
אין שטיל און יאוש'דיק געוואַקל
אין האַפּנדיקער לעצטער פרייד . . .
איך זע — עס ווינקט צו מיר,
דאָס שטומע גוסס'דיקע ליכט
און בעט . . . אַ מיטגעפיל . . .

# מײַן חבר דזשאָונס האָט עס געטאָן

ס'האָט קײנער ניט געוואוסט וואו דזשאונס איז אהינגעקומען,
אפילו ניט זײַן קינד, אפילו ניט זײַן ווײַב,
שטיל איז ער אַוועק,
און מיטגענומען זײַן פאַרמעגן —
אַ יונגן לעבן מיט יאָרן, פריש צעוויקעלטע ווי רויטע קנאָספּן,
וואָס רײַסן זיך צו זון מיט פולקײט און מיט קראַפט!
איבער גרעניצן פון ים און לאַנד
האָט ער די שפּראַך פון אײַנגעבײַלטן פויסט געטראָגן,
ביז זײַן האַנט, אַ דראָענדיקע, שטאָלצע,
האָט זיך אַ הויב געטאָן מיט יובלדיקן גרוס,
אונטער דער פאָן פון בלוטנדיקער שפּאַניע,
צווישן פויסטן טויזנטער אין אָנגריף קעגן פײַנט.

און אָט איז דזשאונס אין פײַער,
דזשאונס אַ העלדישער באַפרײַער פון גוואַדאַלאַכאַר,
דזשאונס אַ רויטער קאָמיסאַר,
דזשאונס אין גראָבנס און אין שלאַכטן,
אין שפּיטאָל און צוריק אין פעלד . . .
זײַן האַרץ אַ לויכטנדיקע פאָן —
אַ העלד פון לינקאָלן באַטאַליאָן!

חברים קומען, קעמפן, פאַלן,
נאָר דזשאונס דער בראַווער גײט פאָראויס
מיט קאָהנס, פלאַהערטיס, מיט לענטיערס, וואַלבאָס, פּיטס,
און הײמיש מעסט זיך זײער יענקי־ליד
מיט באָמבעס און קאַנאָנען
מיט קוילן און שראַפּנעלן,
מיט קרעכצן פון פאַרוואונדעטע אין גראָבנס:
„שפּאַניע, שפּאַניע דאַרף אונז האָבן,
מיט בלוט פאַרטײדיקט יעדן שפּאַן:
נאָ פּאַסאַראַן! נאָ פּאַסאַראַן!“

און אָט איז דזשאָונס אויף צייטונגס־שפּאַלטן!
(בראַוו אַן אַנגריף אָפּגעשטעלט)
מיין חבר, אַזוי שטיל צוריקגעהאַלטן,
איז איצטער שפּאַניע'ס פרייהייטס־העלד!
איך לייען און איך קען זיך גאָר ניט גלויבן —
אַזוי פיל בראַוקייט אין איין קליינעם גוף!
איך ווער דורך מוט זיינעם דערהויבן —
ניט יעדן איז באַשערט צו שטעלן זיך צום פּרואוו . . .
און אַ פריידיק־חבר'ישער שטאָלץ
קוועלט אין מיין האַרצן אָן:
„מיין חבר דזשאָונס האָט עס געטאָן!“

●

## ליד

געבענטשט זאָל זיין דאָס אויג,
וואָס זעט אין קערנדל אַ זוניק פעלד מיט ברויט,
געשטאַרקט זאָל אָטעם זיין
וואָס בלאָזט אַ טליענדיקן פונק
פאַנאַנדער אין אַ פלאַם
ווייל גליק געהערט צו די,
וואָס כאָליען אויס אַ פרייד
פון דינסטן וואָרצל אין צעצווייגטן שטאַם.

# יאָרן

יאָרן זיינען ווי פּאָר וועמען —
פּאָר איינעם בלינדע שקלאַפן, נאָמענלאָזע זעלנער,
וואָס לאָזן זיך אויף שלאַכטפעלדער פון לעבן
און גייען אוים, פאַרגעסענע,
ווי אויסגעברענטע קנייטן אין אַ חרוב הויז.
פּאָר אַ צווייטן — בלומען־בייטן,
וואָס בליהען און צעוואַקסן זיך
צווישן קראָפּיווע און ווילדגראָז —
לעבעדיקע צירונג,
וואָס פרייט דאָס האַרץ און צערטלט ס'אויג
פון מיטגייער אין וועג.

יאָרן — רויע איידלשטיינער —
זיי שלייפן זיך אָן האַרטן אימפּעט־ראָד פון צייט,
ביז זיי ווערן פינקלענדיקע שטערן,
שטורעם־ליכט איבער דעם כוואַליעדיקן אויפשטייג,
אָדער שטויב צעקרישלטער,
וואָס בלאָנדזשעט אין דער לופט.

יאָרן זיינען ווי פּאָר וועמען —
פּאַר איינעם שטייפע קלעמען,
וואָס כאַפּן ס'לעבן ביי דעם גאָרגל
און לאָזן עס ניט אָפּ,
ביז דאָס דערוואָרגענע געמיט
פאַרגייט ווי פּוסטער צוויט פאַרוויאַנעט און צעשטרויט.

פּאַר'ן צווייטן — זיי זיינען מעכטיקער פון טויט,
זיגרייכער פון צייט!
אַ סטיכיש קראַפט, באַפרייט פון פענטעם און פון קייטן . . .
אזוינע יאָרן זיינען אָטאָמען פון אייביקייט,
וואָס וועלן אויף דאָס ניי געבוירן ווערן
אין וואונדער פון דערוואַכטער וועלט!

# דיין דיינקמאָל

דיין נאָמען איז פאַר אונדז דאָס שענסטע ליד
און ס'זיינען ווערטער דיינע טייערער ווי צירונג,
אין אייביק ליכט דיינעם פון קעמפער און פון איד
דערפילן מיר דיין וואַרימער באַרירונג.

---

דיין אָטעם הויכט אויף מיטינגען, אין זאַלן,
אין אָנדיינק דיינעם ווייען ארבעטס־פאָנען,
די פראָנט אָקאָפּעס וואו דו ביסט געפאַלן,
פאַרנעמען דיינע טרייע באַטאַליאָנען.

---

פאַר יעדן טריט וואָס דו ביסט ניט דערגאַנגען,
זיי וועלן ריזן־שפּאַנען מאַכן אויף פאָראויס.
מיט דיינע לאָזונגען ווי קריגס־געזאַנגען
זיי וועלן שונא געבן לעצטן שטויס!

---

דיין דיינקמאָל ווערט פון בלוט און פרייד געקנעטן:
„א וועלט מיט ארבעט, שונאים אָן א שיר" —
נאָר זינגן אין די בלוטיקסטע געוועטן
וועלן אין דיין גרויסן נאָמען — מיר!

# אַלגין

מיט'ן גאַנצן געוויכט פון וועזן דיינעם
צוגעבויגן צו דעם עולם,
שטייסטו נאָך אַצינד פאַר מיינע אויגן —
אַ צעוויגטער פלאַם,
אַ באַרגיק שטראָם פון פיין־געצילטע רייד,
וואָס פליסט דורך אָנגעשפּיצטע אויערן
צום סאַמע האַרץ, צום סאַמע מאַרך . . .
עס ווילט זיך,
אַז דער פלוס דער ליכטיקער פון דיינע ווערטער־כוואַליעס
זאָל דויערן און דויערן אָן אַ סוף און אָן אַ מאָס.

ווי חנ'עוודיק דו ציסט אַרויף
דיין קאַפּריזנע בריל איבער די אויגן,
ווען דו נעמסט זיך אויסלייגן דיין לאָגישן געוועב
און ציסט, ווי אויף אַ פאָדים,
פּערל, איידלשטיינער פון דיין פאַרבאָרגן צירונג־קוואַל!
און אָט־אָ טוסטו זיך אַ צי אויס ווי אַ זעלנער
און נעמסט פון אַרסענאַל דיינעם אַרויס
די שאַרפסטע שווערד, די האַרטסטע שפּיז,
די ביטערסטע גאַל פון מאַסן־צאָרן
געגן מוסרים, געגן שונאים
און שליידערסט עס זיי גלייך אין פּנים
מיט געניטקייט פון אַ קריגער . . . פון אַ זיגער אין געפעכט.

טויזנטער רעקרוטן
וועלן איצט מיט נאָמען דיינעם אױף די ליפּן,
אויספילן דיין אָפּגעליידיקט אָרט,
זיי וועלן מיט דיין לעבעדיקן וואָרט,
ווי מיט דער רויטער פאָן וואָס האָט באוואכט דיין אָרון,
גיין אין דיין פּארטיי,
אין דיין ארמיי,
אויף דיינע וועגן!

ארויסגעריסן ביסטו פּלוצלונג —
ליכט־טורעם פון אונדזער שטורעמדיקער ווייט,
און ס'איז איין גרויסע טרייסט פאר אונז געבליבן:
דו, אַלגין, האָסט געלעבט אין אונזער צייט,
און מיט די יאָרן דיינע, ווי צעבליטע רויזן,
באשיינט פאר אונדז דעם דאָרנדיקן וועג צו פרייהייט!
דו האָסט אליין פאר זיך צעצונדן ליכט
אין אויגן און אין הערצער פון פאר'יתום'טע תלמידים
און זיי צעשטעלט ארום אין פינצטערקייט פון לעבן,
דו האָסט דיין פּלאָמיקע נשמה אין פונקען אויסגעשפּליטערט
און עס פארטיילט מיט ברייטער האנט צו אונדז.
און איצטער פינקלען זיי און ציטערן אין הייסע טרערן
ארום, מיט אייביקייט באלויכטענעם, געזיכט דיינעם —
און מיר שווערן, שווערן, שווערן, ליבסטער פירער:
מיר וועלן דיין ירושה
און דיין נאָמען ניט פארשוועכן!

# אויף דער ערן־וואַך

א וואַלד מיט בלומען ארום שווארצן אָרון —
דיינע בליהענדיקע, פרוכטבארע טעג,
זיי וועלן מיט אונז פאַרבלייבן
ווי דער וואונדערבארער סוד פון פרילינג,
וואָס האָט געלעבט
אין צויבער־טעמפל פון דיין פאַרברייכער נשמה
און איז פאַרגאַנגען . . .
ארום דיין אָרון — פּנים׳ער —
פאַרשטיינערט און פאַרקלעמט —
פאַרקערפּערטער ווייַ פון אַן אומפאַרהיילבארער וואונד . . .
מיט טרערן שעמט זיך איצט ניט קיינער,
ווייל זיי קומען הייסע, ביטערע
פון טיפסטן, ריינסטן קוואַל — דאָס מאַמן האַרץ
פון א פאַר׳יתומ׳ט פאָלק!
ארום דיין אָרון — זעלנער,
א שטאָל־געשמידטער ווילן קוועלט פון זייער שווייגן.
דערפילן וועלן זיי די שבועה היינטיקע צו דיר:
זיי וועלן קייטן רייסן,
זיי וועלן גראַטעס ברעכן,
זיי וועלן אָפּראַמען די פוילע ווענט
פון מענטש צו מענטש; פון פאָלק צו פאָלק
און וועלן דיר, געפאַלענעם מיט שווערד און פען
אין ברען פון קאַמף,
אוועקשטעלן אַן אייביק מאָנומענט, —
א יושר׳דיקע וועלט!

# קלאָג ניט, פריינט!

(געווידמעט איווא האָפמאַן)

קלאָג ניט, פריינט, אויף דיינע אַלטע יאָרן,
ס'האָט יעדער טאָג פון זיי געהאַט אַ זינען;
דו האָסט געוואָגט אַ קעמפּערין צו ווערן
אין נעפּלדיקער צייט פון אַרבעטער'ס באַגינען!

דו האָסט מיט שטאָלץ דיין וועג באַטראָטן,
אַ בראַווע געגן בייזע שפּיזן־צינגער;
דיין פּרוכט איז אויסגעוואַקסן זאַפטיק און געראָטן,
און אויף דיין עלטער דיך געמאַכט נאָך יינגער.

אַז אַלטער בוים קאָן מער קיין פּרוכט ניט טראָגן,
נאָר אין זיין שאָטן איז מחיה'דיק־פריש;
ניין, אַלטע קעמפּערין, דו טאָרסט ניט קלאָגן
איצט, ווען מיר גרייטן זיך צום יום־טוב טיש!

דו וועסט דיין רייפקייט אונדז ווי בלומען שיינקען
צו יעדער שמחה און צו יעדן זיג . . .
קאָנסט איצט ניט מיטגיין, אָבער מיר געדיינקען,
אַז דו האָסט אונדז געלערנט גיין אין קריג.

# דיין געבורטסטאָג

ס'איז דיין זיין א שפּאַן אין רוים פון מאָרגן
און דער שפּאַן איז אָפּטמאָל ענג און גרוי —
הינטער שטעבל־דראָט פון פּיין און זאָרגן,
לעבט א קעמערל פון וועלט־געבוי.

ביסט א טייל פון צייט, וואָס וואַקלט וועלטן,
ביסט א שלום־טרעגער אינ'ם שטורעם,
ביסט א פּונק אין שמעלץ־אויוון פון לעבן,
וואָס שמידט דער וועלט א נייעם פורעם.

דיינע יאָרן זיינען פולע זאַנגען;
בליאונג־שטויב פון פרילינג — דיינע טעג
טראָגסטו שטאָלץ ווי א פאַרבענקטע מאַמע
אין דיין לייב דיין טייערן פאַרמעג.

ס'ווערט דיין לעבן ניט געקירצט פון יאָרן ,
נאָר ווי רייכע פרוכט, עס שפּאַרט ארוים פון שייד —
גוט צו זיין אין וואונדער־צייט געבאָרן,
ווען יסורים גייען אויף אין פרייד!

# גינא מעדעם

ביסט ווידער דאָ — אַ שפּרודלדיקער געיזער,
פון ברען דו קומסט אַרויס — פאַרהאַרטעוועטער שטאָל!
דו רינגלסט אום די ערד — אַ ליכטנדיקער ווייזער,
אַ טרייסט אין פינסטערניש צעקלינגט דיין חבר־קול.

פון אַפריקע און שפּאַניע — ביז באַלקאַנען,
אין מיט־שטראָם פון צעשאָקלט וועלט.
מיט פען און וואָרט און טאַט דו ביסט פאַראַנען
אויף קעמפערישער גאַס, אין פּליכטלינגער־געצעלט.

דאָס האַרץ — אַ שוימענדיקער, פולער בעכער,
דיין אויפקום־פרייד — שטייגט איבער פלאַג און צער —
דו הויבסט דיין „טאָסט" נאָך זיכערער און העכער
ביים רויטן צייכן פון געפאַר.

שטורעם־פויגל פון צעברויזטע וויטן,
דו זינגסט פון אויסדויער און העלדישע מאַרטירער,
דו וואַנדערסט אום אין שטורעמדיקע צייטן
מיט ליכטיק פרילינג־רוף פון מאַסן און פון פירער.

# מוטער בלור

מוטער בלור!
דו האָסט אין שטורעמדיקן גאַנג דיינעם
צעטומלט די נאַטור —
האָט זי פאַרגעסן אָפּשטעלן דיין בליהען
און אונטערציען אַ סך־הכל
פון דיינע שווערע,
לויכטנדיקע, פרוכט־באַלאָדענע יאָרן;
דו האָסט געבראָכן איר געזעץ —
און יונג געוואָרן אויף דאָס ניי!
שטייסטו איצט
מיט ווינטער־צוויט און ווייסן שניי אויף קלוגן קאָפּ,
און ס'גליט דיין בליק
מיט יוגנטלעכן ליכט,
פון וועלכן עס ווערט גוט
אין יעדן גליד.
דו ביזט דאָס זינגענדיקע ליד
פון אַלע מאַמעס,
פון אַלע צייטן
ביי וויגעלע פון וועלט,
וואָס ווערט געבאָרן אין מיטן שוידערלעכן בראַנד!
דו האָסט די אַלטיטשקע נאַטור איבערגעקליגט —
און האָסט געזיגט איבער אַן אָפּגעלעבטער צייט . . .
דו האָסט אין קנייטשן טיפע פון דיין מחיה'דיקן געזיכט
פאַרטאַיעט אַ וואונדער־ליכט,
אַ וואונדער־סוד
פון לויפנדיקן ראָד,
וואָס נעמט אונדז מיט פאָראויס! . . .

# אין פּאַרק

הורבעס ווערטער־מיסט
שרייען מיט אַ געלער חוצפּה,
אויסגעשפּרייט אויף סאַמע אויבן אָן
פון אָוונט־בלאַט . . .
און איך, אָן אויסגעשעפּטע,
וואָס האָב קוים דערשלעפּט
די טעמפּקייט פון מיין טויטן טאָג
צו אָט דער באַנק,
זיץ און זופּ מיט גלייכגילט
ברעקלעך „ריינע ניים"
פון אָט די הורבעס,
קוק און פאָרש די פּנים'ער
צעשווייסטע, צי פאַרשמינקטע
ארום מיר . . . —
אָט זיצן צוויי:
מיט העלזער ברודיקע
פון שטויב און שווייס —
זיי ווישן זיך מיט שמוציק־בלויע
נאָז־טיכער דאָס לייב
און ווארפן זיך אַ דורך
מיט ווערטער אָפּגעהאַקט און שאַרף,
ווי טעג פאַרשניטענע
פון זייער ביטער לעבן . . .
זיי רויכערן און שפּייען
און שילטן אויפ'ן קול . . .

און זיכער איז,
אז ניט פון בייז־באַל
קומען זיי אַצינד,
און ניט פון אַפּיסעם באַקוועמע
און געשעפטן . . .
און ס׳ווילט זיך קללות אייגענע
מיט זייער גאַליק וואָרט באַהעפטן
און זאָלן זיי דערהערן
ווי ס׳גייט אין האַרצן מיינעם אויף
אַ חבר׳שאַפט צו זיי,
די אומבאַקאַנטע־נאָהנטע,
האָרעפּאַשנע ברידער מיינע!
נאָר יעדעם מאָל
ווען איינעמס צופעליקער בליק
באַגעגנט זיך מיט מיינעם,
פיל איך טעמפּן גלייכגילט,
צי אפשר גאָר פאַראַכט. —
און ס׳טוט מיר וויי,
וואָס זיי פאַרנעמען ניט
מיין נאָהנטע חבר־טרייסט
און וואָס איך בין זיי פרעמד
אין הוט מיינעם און זיידן קלייד . . .

# גאַס

גאַס!
אַט ציט זי זיך אַן אויסגעמאַטערטע
ביז זי פאַרשווינדט
א שטום צעטראָטענע
פון גלייכגילטיקע טריט
אין אומעט פון דער נאַכט.
און האַרט צו איר, ווי צו א מאַמען
טוליען זיך באַ אירע ראָגן
אירע קינדער — גאַסן־פּרויען,
אויסגעשפּיגענע און שטום צעטראָטענע
ווי זי.
גאַס וויל רו,
ווי ס׳ווילן רו
די בלאָנדזשענדיקע אויגן
פון די מיידלעך אויף די ראָגן,
נאָר ניט באַשערט איז איר, ווי זיי
די שטילע רו פון נאַכט,
ווייל יעדעס מאָל,
ווען האַרץ פון גאַס,
געגאָסענע פון האַרטן שטיין,
צוקרעכצט זיך אונטער
פאַראייינזאַמט־איילנדיקע טריט פון שפּעטע גייער,
פאַרציט זיך ווי א שלייער
א פרעך־פאַרפירערישער שמייכל
איבער האַס־צעקרימטן מויל
פון גאַסן־פרוי:

זי האָלט אַ וויסטע קללה
איינגעביסן צווישן ציין,
און ס'ציטערט אויף די גאַס, די נאַכטיקע
פון אָנבאָט דעם פאַרשייטן:
„לאָ מיר גיין!“
נאָר אַז די שאָטנס פרעמדע
שלייכן זיך אין ווייט אַוועק
פאַרנעמט די גאַס צעטראָטענע,
מיט האַרץ געגאָסענעם פון שטיין,
אַ שטום געוויין
פון אירע קינדער, אומגליקלעך־אַנטוישטע,
אויף די ראָגן,
וואָס פלאָגן זיך
אין אומעט פון די שטומע נעכט,
אין בייַנקעניש נאָך
ברעקלעך נישטיקע פון פולן טיש
נאָך טראָפּנס גליק . . .
נאָך רו . . .

# ע ר ד

ערד!
ווי אַ יונגע כלה,
וואָס וואַרט אויף איר באַשערטן,
ליגסטו שטיל פאַר'חלומ'ט
און טרוימסט
דעם גרויסן סוד פון זיין . . .
און דיין לייב, אַן אָנגעזעטיקטער
מיט רייפע זאַפטן,
אָטעמט טיף אַרויס
אַ פריידיקן געציטער,
וואָס שפרייט אַ וואַרימקייט
און טרייסט.
אויף ניי־באַיונגטער וועלט
ערד!
פון דור צו דור
ביסטו די איינציקע יניקה —
דיין בלום און גראָז דערקוויקט
און ס'זעטיקט אונדז דיין קאָרן,
און ווען דער פונק פון לעבן לעשט זיך אויס
צועפנסטו
דיין צאַרטן מוטער־לייב
און הילסט אין סוד אין אייביקן
די אָפגעלעבטע שפורן.

דערפאר, ביסטו מיר אזוי נאָהנט,
דו האָרעפּאַשנע ערד,
דו אייביק — גרויסע מאַמע!
איך קוק אויף דיר
און רייף ווערט אין מיין הארץ א קנאה
צו דיין אייביקייט
און צו דיין יוגנט —
ניט צערונצלט און פארטריקנט
ווערט דיין לייב
פון שטענדיקן געבערן —
נאָר פון דור צו דור,
פון יאָר צו יאָר
ווערט עס
רייפער, זאַפטיקער און פולער
און ס'צערטלט יעדנס בליק
דיין ליבער, יונגפרוילעכער רייץ
באַצירט מיט פריש־געוועבטן פרילינג־גרין.

## אַ שוואַרצע מיידל ביים ים

יעדן פאַרנאַכט,
ווען די זון נעמט פאַרגיין
קומט זי צום ים
אין איר מיידלשן חן.

---

שטאַרק ווי אַ דעמב
איר ברוינע פיגור,
עקזאָטיש־פרעמד —
אַ געטאָקטע סקולפּטור!

---

אַ צירונג ביים ברעג
פון דעם כוואַליקן שאַם —
אַ נעגערשע שיינהייט —
די געטין פון ים.

---

איר ריר און איר בויג,
אַ ריטמישער טאַנץ
עס שפּילט זיך די זון
אין איר אויגן־גלאַנץ.

---

דורך טיף און דורך ברייט
זי לאָזט זיך אין וועג . . .
באַפרישט און באַנייט
זי שטייט שוין ביים ברעג.

---

אַ דענקמאָל פון בראָנז
אין פאַרגייענדער זון . . .
זי פּוצט אויס דעם ברעג
און וויים ניט דערפון.

# יונגע מאַמע

א קוים צעוויקלט בלום — א מיידל פרוי,
א זיסער סוד באהאלטן
צווישן שטייפע פעטאלן פון בליהענדיקן לייב.
אויף חנ׳וודיקן פנים
ווייכער, יונג־פרוילעכער טוי,
אין אויגן — א ניי־אנטדעקטע וועלט . . .
צוויי ווייכע הענט באגריסן זיך
ארום איר שטייף־גערונדעטן לייב
און צערטלען מאמע׳דיק דעם וואונדערלעכן אַנהויב —
דעם זיסן „קאַקטייל״־טרונק
פארזיגלט און פארבונדן מיט פונק פון לעבן!
א קינד — איר קינד,
א וועלט — איר וועלט!
א פריידיק ים פון שטאָלץ און גליק
וויגט זיך פון קאָפּ ביז פינגער שפּיצן
און צוריק . . .
יעדעם קיילעכל בלוט,
יעדעם גליד
זינגט און יובלט אויס
דאָס פרימיטיווסטע ליד
פון פאַרמלאָזער פּראָטאָפּלאַזמע און ליבשאפט —
לעבן, באוואוסטזיין . . .

און זי די מיידל־פרוי
מיט פרישן טוי אין איטלעך קנייטש פון קערפּער —
א קינסטלערין, א באַשאַפערין . . .
איר לייב — א וואונדער לאַבאָראַטאָריע
פון מענטש,
פון וועלט,
פון אומאויפהערלעכקייט!
מוטער!
דאָס עלטסטע צווישן ווערטער,
צווישן קלאַנגען . . .
גליק!
א מיידל־פרוי, א ווייב
האַלט אין שיינעם לייב
א סוד באַהאַלטן —
א קוואַל פון פרייד און וויכטיקייט,
וואָס ראַדיאירט
פון אַלע בויגונגען און ליניעס
אין ווייכער פולקייט פון איר גוף —
דעם וואונדער־וואַרשטאַט פונ׳ם לעבן.

# שפּיל מיין קינד . . .

שפּיל, מיין קינד,
מיר דאַרפֿן שפּילער!
מיר דאַרפֿן הערצער פֿילבאַרע,
ווי צאַרטסטע סטרונעס,
מיר דאַרפֿן יונגן, פֿולן בלוט,
וואָס רייסט זיך פֿון די אָדערן געשפּאַנטע
ווי גוט געיוירן ווייַן פֿון פֿאַס —
מיר דאַרפֿן שפּילער אייגענע,
פֿון אייגן מאַרך און ביין
צו פֿירן אונדז פֿאָראויס אין גאַס
פֿון שלאַכט צו שלאַכט,
פֿון זיג צו זיג
ס'איז קריג . . .
אָ, שפּיל, מיין קינד
ניט דריבנע תאווה'דיקע
דזשעז ניגונים
פֿון אומגעלומפּערטער דעגענעראַציע,
וואָס שלעפּט צוריק
מיט ווילדן גרילץ און קוויטש
צום חיה'שן געצאַפּל,
נאָר הויכן שטורעם־רוף
פֿון קרעמפּנדיקן בלוט!
מיר דאַרפֿן שאַרפֿע, ריטמישע האַרמאָניע
פֿון טראָפּנס פֿרייד,
וואָס ציען זיך, ווי איידעלער פּערל,
אויף פֿעסטער אחדות־שנור
פֿון האַרץ צו האַרץ
פֿון בליק צו בליק . . .

מיר דארפן קריגערישן טאַקט
צו פירן אונדז אין פעלד —
מיר נעמען איין אַ וועלט! . . .
טו שפּיל דעם צאָרן אויס
פון איינגעשפּאַרטע לייבן,
דעם שטאָלץ־געשריי
פון אָדלערן געצאַמטע,
דעם כשוף'דיקן שוואונג
פון שאַפנדיקע הענט . . .
מיר וועלן מער ניט שוועבן
אונדזערע ימים־טובים
מיט שפּילער פרעמדע,
אָנגעדונגענע פאַר קאַלטן שכר;
מיט הויף־נאַראָנים,
וועלכע שפּאַרן איין דאָס האַרץ
ארונטער זיבן שלעסער
און סמ'ען שמחות אונדזערע
מיט קאַלטן פלאַם פון אומקום . .
מיר דאַרפן שפּילער אייגענע
מיט מאָנענדיקן בלוט,
וואָס צינדן קלאַנגען זייערע
מיט פלאַם פון פרייד
מיט סם פון פּיין . . .
מיר דאַרפן פייערלעכן הימן
פון האַרעפּאַשנעם האַרץ —
מיר דאַרפן קריגס־מוזיק
אין רויטן מאַרש צום זיג . . .
אָ, שפּיל, מיין קינד, מיר דאַרפן שפּילער!

# פּאָגראָמען

פּאָגראָמען! יעדער אות אַן אָפּגעשאַרפט מעסער,
ס׳עפּענען זיך וואונדן איינגעקאַרבט אין האַרץ,
פאַר אויגן — קעלערן, פאַרהאַקטע הינטער שלעסער
און טעג פאַרבלוטיקטע, ווי פלאַמען שוואַרץ.

מיין קראַנקער טאַטע אין אַ שטעטל פון פּוילן,
האָט דאָך געהאָלפן פריי מאַכן דאָס לאַנד פון פרעמדן יאָך,
איז דאָס זיין שכר — אַ פּיצל ברויט אויף טיש אויף הוילן
און פייף פון בייטש איבער זיין קאָפּ און דאַך?!

איז דאָס זיין לוין — אַ גאַס מיט בלוט אין פעדערן געקנאָטן
און שרעק פאַר טויט אויף יעדן ראָג?!
און אויגן ווילד־צערייצטע, מיט פונקען אָנגעשאָטן
וואָס וואַרטן אויף אַ „צוטשעפּ" יעדן טאָג?!

היטלער־וויין אין דיינע פוסטע בעכער
וועט ניט דערשטיקן דעם געשריי נאָך ברויט!
אידן־בלוט וועט ניט פאַרשטאָפּן אַלע לעכער,
אויסגעפרעסן פון דיין ברענענדיקער נויט!

דו ווערסט פון אומרו ווי פון בראַנד צעריסן,
אין שאָטן פונעם האַקנקרייץ איז אויפגעשריבן אויף דיין וואַנט:
פון בלוט פאַרגאָסענעם, ווי פון אַ סם אַ זיסן
וועט אָפּדאַרן פאַרפירטע מערדער־האַנט.

אָ, פּוילן, מעק מיט שטורעם אָפּ דעם שאַנדפלעק פון
פּאָגראָמען,
ווי דיינע שכנים — רוסן האָבן עס געטאָן
און זאָלן דיינע זין דערלויטערן דיין נאָמען
אונטער אַ זוניק־יושר׳דיקער פאָן!

# עס איז געווען אַ צייט

עס איז געווען אַ צייט,
ווען פרייען זיך מיט אייגנס
איז געווען אַ שאנד,
ווען טראַכטן פון אַ לאַנד
אַן אייגענעם, אַ פרייען
איז אַ זינד געווען
ביים ראַנד פון צייט,
וואו ס'בייטן זיך צוויי וועלטן.
איצטער — שוין ניט מער!
עס איז פאַראַן דאָס לאַנד
בירא־בידזשאַן.
און מען דאַרף די פרייד
ניט האַלטן אונטער ריגל,
נאָר פאַר יעדן מענטש,
פאַר יעדן קינד אין וויגל
אונדזער שטאָלץ באַזינגען און באַמאָלן
מיט לידער פרישע,
ווי די ערד פון יונגע טאַיגע־פעלדער,
ווי דער מאָרגן־רוף פון פויגלען
אין געדיכטע וועלדער,
ווי די שטילע סודות
פון אַמורער טיפן
ביי באַלעבטע ברעגן פון צעבליטע שטעט.

מען מעג אפילו פרייען זיך
מיט דעם געראַך פון שטאָל,
פון פריש־געשניטן האָלץ,
פון סטויגן היי
און סנאָפּעס קאָרן,
ווייל ניי־געבאָרן
וואַקסן מיר צוזאַמען מיט׳ן לאַנד
וואו ס׳בייטן זיך צוויי וועלטן
ביים ראַנד פון צייט!

און ס׳איז קיין זינד ניט מער
צו טראַכטן פון אַ לאַנד
פון אייגענעם געבוי,
און ליב האָבן
זיין יעדן אָטעם,
יעדן טראָפּן טוי.

# האַרבסט

ווי אומעטיק און פריידיק
ס'איז ארום . . .
קום . . . דו הערסט . . .
ווי ס'אָטעמט שווער
דאָס הארבסטיק־מידע גראָז,
ווי ס'קרעכצט דורך
דופטיקן געפּארב
דאָס בלאַט אויף צווייג . . .
שווייג . . .
זיי שלאָפן איין . . .
אין אָרימס לאַשטשענדיקע
פון דעם בונטן טויט!
אָט שמייכלט טרויעריק
דאָס שפּעטע בלום
און בוים אַנטקעגן
מיט סודות־פולער שטומער פרייד —
זיי שרעקט ניט
ס'טויטן־קלייד.

# איך בין מקנא . . .

כ׳האָב קיינמאָל אין מיין האַרץ
קיין קנאה ניט געטראָגן,
נאָר כ׳גיב איצט צו, עס איז אין מיר פאַראַן —
איך גאָר מיט אייך דעם נחת טיילן
פון אויפריכטן אַ פאָלק
אין יונג בירא־בידזשאַן.
כ׳האָב קיינמאָל ניט געבענקט
נאָך אורוואַלד און נאָך סטעפּן,
דער טייך אמור — געווען איז פוסטער קלאַנג,
איצט נעם איך אויף, ווי פיס
די סטעזשקעס טרעטן,
ווי ס׳וויגט זיך איבער טייך
אייער מונטערער געזאַנג.

כ׳האָב קיינמאָל אין מיין האַרץ
קיין קנאה ניט געבאָוועט,
נאָר כ׳בין זיך מודה — ס׳גייט איצט אויף אין מיר,
ווען כ׳טראַכט פון אייער שווערן, זיסן לעבן
וואָס קוועלט מיט פרישקייט, גבורה און קאָליר.

# מ י י ן  ש ט ע ט ל

(מיין טאטן א מתנה)

אין ברייטן נעץ פון שטעטעלעך באפרייטע —
איך האָב דיין נאָמען, שטעטל מיינס, געפונען
און כ'האָב דערפילט דעם גאנג פון טעג באנייטע,
מיט שטערן ליכטיקע און מאָרגן־זונען.

דו ביסט אצינד מיר נעהנטער געוואָרן,
ווייל מיינע יאָרן זיינען דאָרט לאיבוד ניט אוועק;
דו וועסט מיין קעמפערישע מי, ווי רייפן קאָרן
אין פרייד איצט שניידן אויף דיין נייעם וועג.

דו וועסט מיין טאטן איצט מיט כבוד צאָלן
פאר שעה'ן גרויליקע אין קאלטן קאזעמאט
און ס'וועט זיין האמער פריידיק זיך צעשאלן
מיט ליד פון פרייהייט, זיכערקייט און זעט.

כ'וועל גרויסן זיך מיט דיר, מיין שטעטל קריניק,
מיט טעג פון נייעם־פינף ארום דיין מארק,
כאָטש צווישן גרויסע שטעט דו ביסט נאָך א מיזשיניק,
דו וועסט, דערלייזטע, זיך צעוואקסן שטארק!

אָן נחום אנשלס*) און אָן פריצים אין די הויפן —
א נייעם יחוס־צעטל וועסטו איצטער פירן,
די יוגנט דיינע וועט פון דיר ניט לויפן,
נאָר א גליקלעכע דיך בויען און דיך צירן.

*) נחום אנשל — גרעסטער שטאָט גביר און מסור.

# ביראָ־בידזשאַן

ס'איז אמאָל און אמאָל דאָרט געווען . . .
אָבער היינט — א סאָוועטן פאַרבאַנד!
אמאָל . . . איד אויף שווינדלערשער בירזשע —
איצט אַ בויער פון ארבעטער לאַנד.

ביים אמור אויפ'ן זוניקן מזרח,
צווישן די טייכן ביראָ און בידזשאַן —
בויט אַ היים זיך דער איד האָרעפּאַשניק
און ס'איז זיינס דאָרטן איטלעכער שפּאַן!

אַ לאַנד, ניט געשאָנקען פון פּריץ,
נאָר צעגראָבן מיט אייגענער האַנט,
אַ היים, ניט פאַרנומען ביי קיינעם,
נאָר מיט פראַצע געבויט יעדער וואַנט!

נאָר ניט לאַנג — קוים צעטראָטענע שטעגן —
איצטער שליאַכן פון פעסטן קאָנקריט!
נאָר ניט לאַנג — נאָך אַ ליידיקע טאַיגע —
איצטער פעלדער מיט יוגנט צעבליט!

ס'איז אַ לאַנד ווי באַשאַפן פאַר יוגנט,
ס'ווערן יונג דאָ די אידן מיט בערד,
ווייל עס וואַקסט און עס שפּראַצט און עס שיכור'ט
זיסער דופט פון צעאַקערטער ערד!

אַ פּאָר הייזער, אַ ישוב, אַ דערפל —
פון די דערפלעך און שטעט — אַ ראַיאָן
און עס גריסט שוין דעם איד פראַצאָוויטן
זיין שטאָלצע סאָוועטישע פאָן . . .

דער אמאָל וועבט זיך אוים ווי אַ חלום
ס'איז אַ היינט אַזאַ שטאָלצער פּאַראַן,
סאָצגעבוי שפּאַנט מיט ליכטיקע טעמפּן
אין סאָוו־אידישן ביראָ־בידזשאַן.

# לאָמיר אויסטאַנצן אַ פריילעכס!

לאָמיר אויסטאַנצן אַ פריילעכס
צום געבורטס פון אונדזער לאַנד,
צום געשפּיל פון די כלי־זמרים,
לאָמיר פּליעסקען מיט דער האַנט.

עס איז דאָ מיט וואָס זיך פרייען,
גרויסן זיך און הוליען ברייט:
ס'האָבן אידן זיך א צוקונפט
אין דער בירער ערד פאַרזייט!

עס איז דאָ פון וואָס צו זינגען —
יעדער שפּאַן איז דאָרט אַ ליד,
בירער גרוסן — גלאָקן קלינגען
רוף און טרייסט פאַר יעדן איד.

עס איז דאָ פאַר וואָס צו טאַנצן
מיט אַ שוואונג און מיט אַ ברען —
אַזאַ גליקלעך אידיש לעבן
האָט די וועלט נאָך ניט געזען.

עך, טו לאָמיר טאַקע נעמען,
לאָמיר אויסטאַנצן אַ שער —
פאַר אַ לאַנד באַפרייט פון קלעמען,
פאַר דעם איד — דעם פּיאָנער!

# רוף פון רויט־ארמייאישע געזאַנגען

מיט רוף פון רויט־ארמייאישע געזאַנגען,
צעשפּרייט האָט זיך די גרעניץ פון סאָוועטן,
ווי פּאַנען זיינען שטיקלעך זון צעהאַנגען
אויף גרייטע, כאַווערישע באַיאָנעטן.

פרייע אידן פאַלן צו מיט ליפּן צו דעם באָדן,
מיט פולן לאַגל פּיין אין דאַנקבארן געמיט,
ווי זאַנגען אינ׳ם פעלד מיט קערנער איבערלאָדן,
זיי האָבן דורות־לאַנג געוואַרט אויף שניט.

ס׳וואַרטן איצט פאַרזייטע פעלדער און געגרייטע טישן,
א וואַנדער פאָלק וועט זיך מיט פעלקער גלייכן,
די גרויסע צייט וועט אומרעכט אייביקן פאַרווישן
און אָפּמעקן די לאַטעס געלע און דעם קין צייכן.

דער איד וועט נייע פאָן ווי משה׳ס תורה שפּרייטן —
א טרייסט פאַר ברידער אויף יסורים׳דיקע וועגן,
ווען רויטע אייב־אַם וועט צו ניי־געבורט זיך גרייטן
און יושר וועט פאַראַט פון פעלקער איבערוועגן!

# ר י ט ם

אין פרימאָרגיקן גראָז ציטערט דער טוי,
א זון ווערט געבאָרן פון נאַכטיקן גרוי,
בלעטעלעך פרעפלען אין בערעזענער קרוין,
פאַר'עקשנ'טער שטערנדל וויל ניט פאַרגיין.
ריטם . . . ריטם . . .
ריטם פון זיין,
שפּאָגל ניי אָנהויב
טאָג אוים און טאָג איין,
קלאַנג און באַוועגונג,
צעטיילט און פאַרקניפּט
שאָטנס, קאָלירן,
באַהעפט און פאַרליבט.

---

קוימענס, סירענען, געזאַנג פון פאַבריק,
מאָרגן־רוף — חלום פון שעפערשן גליק;
דער טאָג איז צעשויבערט, מיד דאָס געביין
צייט שלעפּט פאָראויס, מען טאָר ניט אָפּשטיין!
ריטם . . . ריטם . . .
ריטם פון זיין,
שפּאָגל־ניי אָנהויב
טאָג אוים און טאָג איין
קרעכץ פון מאַשינען,
באַוועגונג פון הענט,
געמאָסטן, געוואויגן,
קיין רגע פאַרשווענדט.

טעג אויסגעשעפּטע די צייט זאַפּט אריין,
יאָרן — ווי פוס־טריט געשטעמפּלט אין שטיין,
דורות צעבליהען, דורות פארגייען,
לעבן ווערט שטענדיק געלייטערט אין ווייען.
ריטם . . . ריטם . . .
ריטם פון זיין,
שפּאָגל־ניי אָנהויב
טאָג אויס און טאָג איין
דער ערשטער געשריי,
דער אָטעם פון טויט,
דער סוף אין אַן אָנהויב,
וואו אלץ איז שוין גרייט.

---

עס וואַקלט זיך וועלט אויף חורבות פון צייט,
פעלקער צעטראָטענע ווערן באפרייט,
ארמייען פון העלדן, מוזיק פון קאַנאָנען —
עס יובלען אויף הערצער ביים פלאטער פון פאָנען.
ריטם . . . ריטם . . .
ריטם פון זיין,
שפּאָגל־ניי אָנהויב
טאָג אויס און טאָג איין . . .
שמייכלען — ׳שטאָט פייער
פארברידערטע קריגער
אין ליבשאפט געטרייער
באזיגטע און זיגער . . .

# עס ווילט זיך לעבן

איז וואָס אז ס'וויאַנעט אַפּ
א בלעטל דאָ און דאָרט —
דער בוים וועט דאָך ניט אָפּשטעלן זיין בליהען!
איז וואָס אז ס'לעשט זיך אויס
אַ פונק פון פלאַם —
דאָס פייער וועט ניט אויפהערן צו גליהען . . .
און דאָך, ווען כ'שטיי אצינד
ביים ראַנד פון טויט
מיט דראַנג און לעבנסלוסט
אין איטלעכס נערוו און ביין
איז שווער צו טראַכטן פון פאַרגיין . . .
ניט זיין?!
ווען ס'קאָרטשעט זיך אין פלאַקערן א וועלט;
און כל זמן עס איז היים,
מען מוז איבערפורעמען און שמידן,
ווען איטלעכס פונק מאַכט מעכטיקער דעם בראַנד
און שטורמיקער פון בלוט דאָס זידן,
ווען כמארעס — זשעדנע שפּינען
האָבן שפּינוועב־נעצן אויפגעצויגן
איבער יעדן פרייען שליאַך,
און ווי א זיג־מוזיק
איז יעדער קראַך פון בלוטיקע רואינען . . .
ווילט זיך לעבן,
און דערלעבן זען
ווי ס'הויבט זיך אויף
דער פאָרהאַנג ביי דעם לעצטן אַקט
אויף ליכטיקער ארענאַ פון דער וועלט.

# ליד פון נויט

העי, דו פרעכע בייטש פון נויט,
האָסט מיר סם אין הארץ פארגרייט,
און ווי לאַווע צופּט עס, ברענט
אין די הונגעריקע הענט!

---

פון מיין גאַליק הארץ ארויס
טריפט דיין גיפט מיט יעדן שטויס,
רייסט זיך מיין געדולד פון ראַם,
ווייס מיין צאָרן ניט קיין צאַם . . .

---

צונטער רייפט ביי מיר אין בלוט,
כ'ציטער מער ניט פאר דיין קנוט —
איך בין מעכטיקער פון דיר —
איך, דער אָרימסטער גביר!

---

כ'וועל מיין אומרו — דינאַמיט
אויסשפּרייטן פאר דיינע טריט,
אונטערצינדן שנעל דעם קנויט,
באָדן אויפברעכן פאר פרייד.

# וואַלד

וואַלד!
בלעטל צו בלעטל
צווייגל צו צוויַג —
יעדער בוים באַזונדער —
אַ וועלט פאַר זיך . . . .
אַפילו אַ שאָטן האָט יעדערער אַן אייגענעם . . .
שאָטנס וויגן זיך
צעטומלט און נערוועז
ביי יעדן פרישן ווינטעלע . . . און ציטערן . . .
קרוינען — ברייטע, צעוואַקסענע
טרייבן רכילות;
קריגן זיך —
שו — שו — שו און שאַ — שאַ — שאַ
אַ בלאָז — אַ ליאַרעם,
אַ ריר — אַ קרעכץ . . .
אַריסטאָקראַטן!
ס'איז זייער וועלט,
זייער ליכט?!
אַ קרוין אַרויף,
אַ קרוין אַראָפּ!
לויטן סעזאָן,
לויטן פאַסאָן
גרין צו געל,
ברוין צו רויט
עס איז דאָ
און עס פאַרגייט!

וואַרצלען — בלייבן . . .
וואַרצלען זיינען שטענדיק דאָ
אָן גערודער, אָן הו־האַ
שאַ . . .שטיל
ניט זיי ליאַרעמען,
ניט זיי ציטערן,
ניט זיי טרייבן רכילות
און ניט זיי רייסן זיך פאַר די האָר!
אחדות . . .
די ערד — זייער היים —
איז גרויס און רייך
וואַנדערן זיי פון בוים צו בוים:
„שלום עליכם“ . . . „עליכם שלום“ . . .
מען גיט זיך די הענט,
מען כאַפּט זיך אָרום . . .
האָרעפּאַשניקעס!
קינסטלער!
אַ פריילעכע משפחה!
אַרבעט און פרייד
אַ קיילעכדיק יאָר
מזל־ברכה!

גוט ביז גאָר . . .
פרילינג צו האַרבסט,
היצן צו קעלט —
זייער וועלט — וויאַנעט ניט,
זייער וועלט —
ווערט אַלעמאָל אויפ׳ס׳ניי באַשאַפן . . .
וואָרצלען!
ערנסט, איינגעפונדעוועט . . .
זיי דראַפן זיך ניט צו דער הויך
נאָך זון —
זייער ליכט און וואַרימקייט
פליסט אין האָרעפאַשנע אָדערן —
ניט עס גייט אויף,
ניט עס פאַרגייט —
עס איז דאָ!

# ס'איז שפּעטער ווי איר דענקט . . .

ס'איז שפּעטער ווי איר דענקט, מיין פריינט!
דער קריזיס קומט אין וועלט צעטרייסלטער פון פיבער.
דורך נעכטנס פינסטערע און אויסגעקלערטער היינט
קוקט, ווי א טרייסט צעלויכטענע צו אונדז אריבער.

ניט אלע זייגערס אין דער וועלט גייען איצט גלייך,
ניט אומעטום הויבט אָן אין זעלבער צייט צו טאָגן —
נאָר ווייזערס דרייען זיך אין פינסטער אויך
און ס'איז גאָר שווער צו וויסן ווען די שעה וועט שלאָגן.

עס שלאָפן דאָך ניט אלע אין דעם גרוי באגינען,
מען מוז פאַרזאָרגן וועלט מיט ברויט און ליכט, און גרינס;
א ניי־געבוירן טאָג מוז מען באדינען,
כדי צו פרייען זיך מיט ליכטיגן געווינס.

פאַרשלאָף ניט, פריינט, ווען זייגערס וועלן שלאָגן
און וועלן אויסזינגען דעם הימן פון אונדזער צייט.
וואך־אויף און זע, ווי ס'גלייכן זיך די ווייזערס און די וואָגן
און ווי זיי שווינגען זיך אין פרייד אויף אונדזער זייט.